# 65 יאָר

אין ניו־יאָרק, אויף 25 איסט 78טע גאַס, געפינט זיך דער אַרכיוו פון בונד. ער האָט הינטער זיך אַ לאַנגע און דראַמאַטישע געשיכטע.

מיט 65 יאָר צוריק, אין יאָר 1899, איז ער געשאַפן געוואָרן. אַ יאָר פריער האָט די רעגירונג פון רוסישן צאַר אונטערגענומען אַ ברייטע אַקציע צו פאַרניכטן ענדגילטיק די ניי־אויפגעקומענע רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי און איר שטאַרקסטן באַשטאַנד־טייל — דעם אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד. הונדערטער זיינען דעמאָלט אַרעסטירט געוואָרן, צווישן זיי בערך 70 בונדישע טוער. איינעם פון זיי — דעם פירער פון דער וואַרשעווער בונדישער אָרגאַניזאַציע, דזשאָן (יוסף) מילל — איז געלונגען צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. צוזאַמען מיט אַ צווייטן פּיאָנער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג — צמח קאָפּעלזאָן האָט ער, לויט אַ פריערדיקער פאַרשטענדיקונג מיט אַרקאַדי קרעמער און וולאַדימיר קאָסאָווסקי — מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין רוסלאַנד — געשאַפן אין דער שווייץ דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד. איינע פון זיינע ערשטע אַרבעטן איז געווען צו גרינדן דעם אַרכיוו.

מ׳האָט דאָס געהאַלטן פאַר זייער וויכטיק. ס׳איז געווען קלאָר, אַז די רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור — צייטשריפטן, בראָשורן, פלוג־בלעטער און אויפרופן — וואָס ווערט מיט מסירת־נפש געדרוקט אין די אונטערערדישע דרוקערייען און געלייגנט מיט אַ הייליקן ציטער פון די אויפגעוואַכטע אַרבעטער־מאַסן, דאַרף אַחוץ דערפילן איר באַלדיקע אויפגאַבע אויך בלייבן ווי דאָקומענטן לדורות. אין רוסלאַנד, וואו די צאַרישע אָכראַנע (געהיים־פּאָליציי) האָט טאָג און נאַכט געלויערט אויף דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, איז פאַר אַ זאַמלונג פון אומלעגאַלער ליטעראַטור קיין פּלאַץ נישט געווען. האָט מען אויסגעקליבן פאַר דעם צוועק די שטאָט זשענעוו אין דער פרייער, דעמאָקראַטישער שווייץ.

אין אויסלענדישן אָרגאַן פון בונד, דער אידישער אַרבייטער (1899 № 7) איז אָפּגעדרוקט געוואָרן די דאָזיקע מעלדונג:

„דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון 'בונד' וויל אין אויסלאַנד גרינדן אַן אַרכיוו, דאָס הייסט, ער וויל קלייבן מאַטעריאַל וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד און פוילן. יעדער געניאָסע פאַרשטייט אויך אַליין, ווי וויכטיק עס איז צו האָבן אַזאַ מאַטעריאַל. מיר בעטן דעריבער אונז צו שיקן ווייניקסטנס דריי עקזעמפּלאַרן פון יעדער נייער צייטונג, פון יעדן נייעם אויפרוף, פון יעדער נייער בראָשור, וואָס גייט אַרויס אין רוסלאַנד, געדרוקט אָדער העקטאָגראַפירט, דאָס איז גאַנץ גלייך. עס וואָלט אויך געווען זייער וויכטיק, ווען מיר וואָלטן, צום ביישפּיל, יעדן האַלבן יאָר באַקומען באַריכטן וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער אָדער יענער שטאָט".

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע זאַמלונג פון פאַרשידענע באַריכטן און דאָקומענטן, פון געשריבענע, העקטאָגראַפירטע און געדרוקטע אויסגאַבעס, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג בכלל און דער יידישער בפרט. אין הונדערטער שטעט און שטעטלעך האָבן זיך געפונען געטרייע זאַמלער, וואָס האָבן געהאַלטן פאַר זייער פליכט אויפצוהיטן פון פאַרלוירן און קאָנפיסקירט ווערן די מאַטעריאַלן וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג און געוויסע ענינים פון יידישן לעבן, און דאָס באַזאָרגט צום אַרכיוו אין דער שווייץ.

•

## פאַר סטודענטן און רעוואָלוציאָנערן

דער אַרכיוו איז כסדר געוואַקסן און האָט אויסגעברייטערט די געביטן פון זיינע זאַמלונגען. אַרום אים איז אויך אויפגעבויט געוואָרן אַן אינהאַלטסרייכע ביבליאָטעק אין מערערע שפּראַכן. אין דער שווייץ האָבן דעמאָלט געלעבט פיל יידישע סטודענטן, וואָס האָבן צוליב דער פּראָצענט־נאָרמע פאַר יידן אין צאַרישן רוסלאַנד נישט געקענט שטודירן אין די הויכשולן פון זייער היימלאַנד און געמוזט פאָרן לערנען אין אויסלענדישע אוניווערזיטעטן און פּאָליטעכניקומס. ס'האָבן דאָרט אויך געלעבט פיל רעוואָלוציאָנערע עמיגראַנטן. סטודענטן און פאָרשער פון סאָציאַלן לעבן האָבן זיך באַנוצט מיטן אַרכיוו און ביבליאָטעק פאַר זייערע שטודיעס און וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן. מיט דער

צייט איז דער בונד־אַרכיוו געוואָרן אַ וויכטיקער שטודיר־צענטער. טייל דאָקומענטן און געדרוקטע אויסגאַבעס זיינען איינציק און אַליין געווען בלויז אין די זאַמלונגען פון בונדישן צענטער אין זשענעוו.

די בויער און פאַרוואַלטער פון בונד־אַרכיוו ביז נאָך דער ערשטער רוסלענדער רעוואָלוציע (1905־6) זיינען געווען דזשאַן מילל, אברהם מוטניק, צמח קאָפּעלזאָן, אַרקאַדי קרעמער, וולאַדימיר קאָסאָווסקי, ס. זעלדאָוו־ניעמאַנסקי, באָריס פרומקין, דוד מאַכלין און אַ צאָל אַנדערע בונדישע טוער, וואָס זיינען אין יענע יאָרן געווען אין אויסלאַנד. נאָך דער ערשטער רוס־לענדער רעוואָלוציע האָט פאַרוואַלטעט מיטן אַרכיוו יאָרן לאַנג — ביזן אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — בעיקר פראַנץ קורסקי.

•

## אַ טראַגישער וואַנדער־וועג

בערך צוויי צענטליק יאָר — ביז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — איז דער בונד־אַרכיוו געבליבן אויף דעם זעלבן אָרט אין דער שווייץ. דאָס קליינע פרייע לאַנד האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אויפגעהערט צו זיין אַ זאַמל־פונקט פאַר רעוואָלו־ציאָנערע עמיגראַנטן און יידישער שטודירנדיקער יוגנט. ס׳האָט מער נישט געהאַט קיין צוועק צו האַלטן דעם אַרכיוו אין זשענעוו און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן זיין וואַנדער־וועג. וועגן איבערפירן די אָנגעזאַמלטע אוצרות רעוואָלוציאָנערע מאַטעריאַלן אין אַ פריי־רעוואָלוציאָנער רוסלאַנד, וועגן וואָס די טוער פון בונד האָבן פריער געטרוימט, האָט קיין רייד נישט געקענט זיין נאָך דעם, ווי די באָלשעוויקעס האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט. די נייע באָלשעוויסטישע הערשער האָבן נישט אָנערקענט דאָס געזעל־שאַפטלעכע אייגנטום פון די אַנדערע רעוואָלוציאָנערע, סאָ־ציאַליסטישע פאַרטייען און זיי וואָלטן אַלץ צוגענומען. דער בונד האָט געוואָלט, אַז זיינע רייכע זאַמלונגען זאָלן בלייבן פאַר פרייער פאָרשונג און שאַפונג.

דער אַרכיוו איז איבערגעפירט געוואָרן קיין בערלין, וואָס איז דעמאָלט געווען דער הויפּט־צענטער פון דער גרויסער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג פון דייטשן אַרבעטער־קלאַס. מ׳האָט אים איינגעאָרדנט אין הויז פון דער פאָרווערטס־געביידע,

וואו ס׳האָט זיך געפונען די הויפּט־אָנפירונג פון דער דייטשער ס. ד. פּאַרטיי מיט איר צענטראַל־אָרגאַן און צענטראַלע אינסטי־טוציעס. אויך אין דער נייער היים האָט דער אַרכיוו כסדר זיך פאַרגרעסערט מיט וויכטיקע זאַמלונגען, אויך דאָ איז ער געווען אָפן פאַר פאָרשער און פאַראינטערעסירטע. אַזוי האָט עס אָנ־געהאַלטן ביז היטלערס קומען צו דער מאַכט אין יאָר 1933.

•

## אַרויסגעראַטעוועט פון סכנה

דער אַרכיוו איז געווען אין גרויסער סכנה פאַרניכטעט צו ווערן. באַלד נאָך דעם ווי היטלער איז געוואָרן דייטשער רייכסקאַנצלער, האָבן נאַציישע שטורם־אָפּטיילונגען באַזעצט דעם בנין פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און קאָנפיסקירט איר פאַרמעגן. ס׳האָט אויסגעזען, אַז אויך דער בונד־אַרכיוו איז פאַרלוירן. ס׳איז געווען וויניק האָפנונג, אַז מ׳זאָל אים קענען אָפּראַטעווען.

אין דער שווערער סיטואַציע איז געקומען אַ גליקלעכער איינפאַל: מ׳האָט דעם אַרכיוו כלומרשט פאַרקויפט דער פראַנ־צויזישער רעגירונג און איר אַמבאַסאַדאָר אין בערלין האָט געהייסן אים פאַרפּאַקן און איבערפירן קיין פראַנקרייך. און אַזוי איז געשען. די גרויסע זאַמלונג היסטאָרישע מאַטעריאַלן איז אַרויס פון דער פאַרניכטונג־געפאַר.

די אינסטיטוציע האָט אָנגעהויבן אַ ניי לעבן אין פאַריז. אויך דאָ איז זי באַרייכערט געוואָרן, אויך דאָ איז זי באַנוצט געוואָרן צו פאַרשידענע געשיכטלעכע אַרבעטן. פון ערשטן מאָ־מענט אָן, זינט דער גרינדונג ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט, האָבן די אָנפירער איינגעשטעלט דעם כלל, אַז דער אַרכיוו זאָל זיין אַ לעבעדיקע און טעטיקע אינסטיטוציע. אַנדערע צייטן, אַן אַנדערער געזעלשאַפטלעכער קלימאַט, אַנדערע מענטשן — אָבער דער זעלבער צוועק: נישט לאָזן פאַרגעסן דאָס פאַרגאַנ־גענע, נישט לאָזן אַ תל ווערן די בוי־מאַטעריאַלן פון דער גע־שיכטע, אויפהיטן זיי פאַרן היינט און מאָרגן.

○




4 צייטונגען פון בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין ווילנע, ביאַליסטאָק, מינסק, וואַרשע, יאָר 1901, געדרוקט אין אונטערערדישע דרוקערייען.

## אין רויב-זאַק פון די נאַציס

ס'איז געקומען די צווייטע וועלט־מלחמה. די דייטשע חיילות האָבן 1940 פאַרנומען פּאַריז און פראַנקרייך האָט קאַפּיטולירט פאַר היטלערס מיליטערישער מאַכט. ווידער האָט דער געשפּענסט פון פאַרניכטונג זיך באַוויזן אויפן האָריזאָנט. וועגן אַרויסראַטעווען די מאַטעריאַלן און זיי אַוועקפירן אין אַ צווייט פריי לאַנד האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. בלייבן פּאַסיוו אין אָנבליק פון דער גרויסער געפאַר האָט מען אָבער אויך נישט געוואָלט. ס'איז נישט געבליבן קיין אַנדערע עצה ווי איינפּאַקן די מאַטעריאַלן און פּרואוון זיי באַהאַלטן. אפשר... די איינגעפּאַקטע קאַסטנס האָט מען איבערגעגעבן אונטער דער אויפזיכט פון אַ פראַנצויז און אים גאַראַנטירט אַ געהעריקע באַלוינונג.

שווערע, בלוטיקע יאָרן זיינען אַדורך. די נאַצישע אויסשפּיר־אָרגאַנען האָבן געזוכט און גענישטערט אין אַלע ווינקעלעך. די קאַסטנס מאַטעריאַלן זיינען דאָך געלעגן אומגעשטערט אין זייער באַהעלטעניש, ביז ס'איז געקומען דער ווענדפּונקט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. די אַליאירטע אַרמייען האָבן זיך אַלץ מער דערנענטערט צו דער פראַנצויזישער הויפּט־שטאָט. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אָנגעהויבן עוואַקוירן פּאַריז. און אין אַ געוויסן טאָג זיינען צום הויז, וואו דער בונד־אַרכיוו איז געווען באַהאַלטן, צוגעפאָרן דייטשע לאַסט־אויטאָס.

כאָטש מ'האָט די גאַנצע צייט דעם אַרכיוו נישט געטשעפּעט, האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט, ווייזט אויס, געוואוסט פון זיין עקזיסטענץ און פון זיין באַהעלטעניש און אים געהאַט אויף דער ליסטע פון די ווערטפולסטע פאַרמעגנס און מאַטעריאַלן, וואָס מ'דאַרף אַוועקפירן קיין דייטשלאַנד. אַרויסרייסן פון די נאַצישע הענט דעם רויב, ווי מ'האָט עס אין 1933 געטאָן אין בערלין, איז איצט נישט געווען מעגלעך. די גרויסע צאָל קאַסטנס זיינען אויפגעלאָדעוועט געוואָרן אויף די לאַסט־אויטאָס — און דער בונד־אַרכיוו איז פאַרשוואונדן...

•

## די געיאָגטע נאַציס וואַרפן אַוועק דעם רויב

חדשים לאַנג איז נישט געווען קיין שפּור פון צוגערויבטן אַרכיוו. שפּעטער האָבן בונדיסטן, וועלכע זיינען געבליבן לעבן

נאָכן בלוטיקן מבול און זייענדיק צוריקגעקומען קיין פּאַריז, זיך דערוואוסט, אַז די נאַציס האָבן נישט באַוויזן אַוועקצופירן דעם גאַנצן רויב און אַ טייל פון דעם פשוט אַוועקגעוואָרפן אויף אַן אָפענעם פלאַץ נישט ווייט פון דער הויפּט־שטאָט. דאָרט זיינען געלעגן צעשיט ביבליאָטעקן, קונסט־ווערק און אַנדערע אוצרות. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן אַוועקגעוואָרפענעם רויב זיינען אויך פאַראַן די רייכע זאַמלונגען פון בונד, וואָס אַזוי פיל געטרייע הענט האָבן קרוב אַ האַלבן יאָרהונדערט מיט ליבע און מסירת־נפש צונויפגענומען און געהיטן. דער מלאך־המוות פון פעלקער, דער צעטרעטער און צעשטערער פון קולטורן איז אין מיטן פון זיין צעשטערונג־אַרבעט אין בהלה אַנטלאָפן און אַזוי איז דער אַרכיוו געראַטעוועט געוואָרן.

•

## אַ מקום־מנוחה אין אַמעריקע

וואָס זאָל מען איצט טאָן מיט דער דאָזיקער אינסטיטוציע נאָך דעם ווי די דייטשע נאַציס האָבן אומגעברענגט 6 מיליאָן יידן אין אייראָפּע? נאָך דעם, ווי אויפן אייראָפּעאישן קאָנטינענט איז נישט געבליבן קיין איינציקער גרויסער, פרייער און שאַפנדיקער יידישער מאַסן־צענטער? — די פראַגע איז געשטאַנען פאַרן וועלט־קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס. דער ענטפער איז געקומען ווי פון זיך אַליין: אַ העלפט פון צעזייטן און צעשפּרייטן יידישן פאָלק לעבט איצט אין אַמעריקע, דאָ געפינט זיך דער גרעסטער יידישער צענטער מיט אַ גרויסער יידישער אַרבעטערשאַפט — דאָ דאַרף זיין דער מקום־מקלט און מקום־מנוחה, דאָ דאַרף זיך אָנהייבן דאָס נייע קאַפּיטל אין דער דראַמאַטישער געשיכטע פון אַרכיוו.

יעדער נייער געשיכטלעכער פּעריאָד האָט אַ־ויפגעלייגט זיין חותם אויף דער אינסטיטוציע — דורך דעם נייעם אַריינגעברענגטן מאַטעריאַל, דורך די אויסערלעכע באַדינגונגען פון איר פונקציאָנירונג, דורך די מענטשן וואָס באַנוצן זיך מיט איר. אויך אַמעריקע האָט זי באַווירקט — ס׳איז באַדייטנדיק פאַרגרעסערט געוואָרן דער סכום מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל און דער יידישער בפרט.

כדי דער אַרכיוו זאָל קענען זיין טעטיק און ווייטער זיך

№ 25

# די
# ארבייטער שטימע

א סאציאלדעמאקראטישע ארבייטער צייטונג.

1901 — אקטאבער

ТОВАРИЩИ, РАСПРОСТРАНЯЙТЕ „ARBEITERSTIMME"

№ 25 DIE № 25

# Arbeiterstimme
## (РАБОЧIЙ ГОЛОСЪ)

Соцiальдемократическая Рабочая Газета.

ОРГАНЪ

ВСЕОБЩАГО ЕВРЕЙСКАГО РАБОЧАГО СОЮЗА ВЪ ЛИТВѢ, ПОЛЬШѢ И РОССIИ.

| ДЕКАБРЬ 1901 г. | СИЛА РАБОЧИХЪ ВЪ ЕДИНЕНIИ. РАБОЧIЕ ВСѢХЪ СТРАНЪ, СОЕДИНЯЙТЕСЬ. | ГОДЪ V-й. |
|---|---|---|

Towarzysze, rozpowszechniajcie „Arbeiterstimme"!

No. 25. Die No. 25.

# Arbeiterstimme
## (Głos Robotniczy)

Socyaldemokratyczne pismo robotnicze.

**Organ Ogólno-żydowskiego Związku Robotniczego na Litwie, w Polsce i Rosyi.**

ROK V.

| Grudzień | Jedność — to potęga robotników. Robotnicy wszystkich krajów, łączcie się! | 1901. |
|---|---|---|

Numer niniejszy wydany został, jako jubileuszowy, na mocy postanowienia czwartego zjazdu „Bundu".

### Prasa legalna i nielegalna.

Cztery lata na posterunku i dwudzieste piąte wyjście w świat! Jak mało się przeżyło, jakżeż wiele się przeżyło! W głuchych zakątkach państwa rosyjskiego, w głębi obozu nieprzyjacielskiego, w samej paszczy okrutnego zwierza, pod nosem niezliczonych wszędy szperających i węszących szpiegów stanęło nasze laboratoryum drukarskie, skąd numer za numerem, bez

Historya jego w państwie rosyjskiem — to „bolesna kronika" nieskończonych hańb, wyrafinowanego i grubiańskiego szyderstwa. W samowładnym partykularzu, zwanym cenzurą, nieustannie torturowali i torturują musę rosyjską, „tę bladą, bezkrwistą, knutem posiekaną musę". Nikt, prócz pisarzy legalnych, nie wie o tych mękach. Przeglądając nudny, tak mało mówiący numer gazety lub pisma i oburzając się na autorów i redaktorów, nie podejrzewamy nawet, wiele życia wyrwały z nich bez-

יובילײ־נומער פֿון די אַרבייטער שטימע, צענטראַל־אָרגאַן
פֿון בונד, יאַר 1901, געדרוקט אומלעגאַל, אין יידיש,
רוסיש, פּויליש.



№ 3

דער וועקער

פאָלקסצייטונג

№ 14

די האָפנונג

ЦАИТЪ № 25 ZAIT

צייט

דער וועקער, פאָלקס־צייטונג, די האָפנונג — **דריי טעגלעכע צייטונגען פון** בונד, **דערשינען אין ווילנע 1906־1907.** די צייט — **אַ וואָכנבלאַט פון** בונד, 1913־1914, **דערשינען אין פעטערבורג.**

אַנטוויקלען, איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, וואָס זאָרגט פאַר זיין בודזשעט און האָט די אַלגעמיינע השגחה אויף דער טעטיקייט. צום קאָמיטעט געהערן פאָרשטייער פון בונד, פון אַמעריקאַנער יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און פון טרייד־יוניאָנס. דער אָפיציעלער נאָמען איז איצט: בונד־אַרכיוו פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אויפן נאָמען פון פראַנץ קורסקי.

•

## די וויכטיקע אויפגאַבע

יעדער דור מאַכט געשיכטע — זיין אייגענע, געשריבן ווערט זי ערשט אין שפּעטערדיקע דורות. ווען זי ווערט געשאַפן, קען מען בלויז פאַרצייכנען פרטים. ערשט שפּעטער קען מען פון די פרטים מאַכן אַ גאַנצקייט. די געשיכטע קען אָבער נישט גע־שריבן ווערן, ווען ס'פעלן די פרטים. די אויפגאַבע פון די אַרכיוון איז צו זאַמלען און אָפּהיטן לדורות די פאַקטן, דעם בוי־מאַטעריאַל פאַרן בנין.

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין איראָפּע און אַמעריקע האָט אַ גרויסן חלק אין די געשעענישן פון די לעצטע 75 יאָר. איר חלק איז פאַראַן אין די ראַנגלענישן פון יידישן לעבן, אין די פרייהייט־קאַמפן, אין די מחשבות און מעשים פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. דער בכבודיקער חלק פון דער קעמפנדיקער יידישער אַרבעטערשאַפט דאַרף נישט און טאָר נישט אַרויסגעלאָזט ווערן פון די היסטאָרישע ווערק, וואָס ווערן שוין געשריבן און וועלן ווייטער פאַרפאַסט ווערן. אָן די נויטיקע פאַקטן און פאַרצייכנונגען וועט דער אָנטייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין מאַכן די געשיכטע פאַר־שוויגן, פאַרקריפּלט אָדער געפעלשט ווערן אין דער געשרי־בענער געשיכטע.

•

## זאַמלער און היטער פון אַ היסטאָרישער ירושה

אונזער אַרכיוו איז די גרויסע איינזאַמלונג און דער וואַכ־זאַמער היטער פון דער רייכער ירושה מחשבות און מעשים, וואָס פריערדיקע דורות האָבן איבערגעלאָזט. צענטליקער טויזנטער

איינסן פאַרמאָגט ער — אין יידיש, רוסיש, פויליש, דייטש, ענגליש און אין אַ ריי אַנדערע שפּראַכן. אויסרעכענען דאָ אַלץ איז נישט מעגלעך, דאָס דאַרף געטאָן ווערן אין אַן אויספירלעכן קאַטאַלאָג. מיר וועלן דעריבער זיך באַגרענעצן מיט אַן אַלגעמיינער שילדערונג.

דעם רוב מנין ובנין בילדן די מאַטעריאַלן, וואָס דערציילן וועגן די רעוואָלוציאָנערע, סאָציאַליסטישע און אַרבעטער־באַוועגונגען, וועגן זייער געשיכטע, קאַמפן און פּראָבלעמען אין אייראָפּע און אַמעריקע — פון מיטן 19טן יאָרהונדערט ביז אונזערע טעג. צו דעם קומען נאָך צו אַזעלכע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אומדירעקטן אופן אַ שייכות צו די דערמאָנטע באַוועגונגען.

די מאַטעריאַלן זיינען אין פאַרשידענע פאָרמען:

מאַנוסקריפּטן — באַריכטן פון באַראַטונגען, קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן; קאָרעספּאָנדענץ פון טוער און פערזענלעכקייטן; נישט־פאַרעפנטלעכטע ליטעראַרישע אַרבעטן.

אויפרופן — אומלעגאַלע און לעגאַלע.

בראָשורן — אומלעגאַלע און לעגאַלע.

רעוואָלוציאָנערע, אומלעגאַלע פּרעסע.

לעגאַלע פעריאָדישע צייטשריפטן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

די טאָג־צייטונגען פון דער בונדישער באַוועגונג.

ביכער וועגן סאָציאַלע פּראָבלעמען, סאָציאַליסטישער טעאָריע, אַרבעטער־באַוועגונג, יידישע ענינים.

זאַמלונג פון ליטעראַטור און באַריכטן וועגן יידישן חורבן, ווידערשטאַנד און אומקום בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

פּלאַקאַטן און בילדער.

מאַטעריאַלן וועגן הונדערטער שטעט און שטעטלעך, שרייבער און פערזענלעכקייטן אָדער ספּעציעלע געשעענישן.

אויף דער וועלט איז פאַראַן אַ צאָל אַרכיוון, וואו מ׳קען געפינען פיל מאַטעריאַלן וועגן דער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג. קיין שום אַרכיוו האָט נישט אַלץ און אונזערער איז נישט קיין אויסנאַם פון דעם כלל. אונזער אינסטיטוציע פאַרמאָגט אָבער פיל מאַטעריאַלן, וואָס זיינען נישט בנימצא אין קיין שום אַנדער אָרט. זיי זיינען בלויז פאַראַן אין אונזער רשות. בפרט איז דאָס ריכטיק בנוגע די מאַטעריאַלן פון דער

יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. קיין שום ערנסט, וויסנשאַפט־לעך ווערק אויפן געביט פון דער געשיכטע און פּראָבלעמען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג איז נישט מעגלעך צו שאַפן אָן די מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אין בונד־אַרכיוו.

•

## דער ברייטער פאַרנעם

אָנגעהויבן אַלס אַ ספּעציעל־בונדישע אינסטיטוציע, איז דער אַרכיוו במשך פון יאָרן געוואָרן באַדייטנדיק אויסגעברייטערט. ער איז באַרייכערט געוואָרן מיט ווערטפולע מאַטעריאַלן פון אַ גרעסערער צאָל געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען און פּאָליטישע גרופּירונגען — נישט בלויז פון יידן און נישט בלויז פון דעם סאָציאַליסטישן סעקטאָר. אָט איז אַ רשימה פון פאַרטייען, ריכטונגען, באַוועגונגען און פּראָבלעמען, וועגן וועלכע מ׳קען געפינען אין אונזער אַרכיוו מאַטעריאַלן:

1. דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד אין ליטע, פוילן און רוסלאַנד.
2. די רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע: פון אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ און סאָיוז רוסקיך ס. ד. ביז מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס.
3. די פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און באַזונדערס די יידישע ליטעראַטור פון די עסערן.
4. די פּ.פּ.ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) און איר יידישע סעקציע; די ס. ד. פון פוילן און ליטע; „פּראָלעטאַריאַט" און אַנדערע גרופּן פון דער פוילישער אַרבעטער־באַוועגונג.
5. פּועלי־ציון, ס. ס., סיימאָוועצעס, פּאַראייניקטע.
6. די לעטישע ס. ד. פּאַרטיי; די גרוזינישע, אַרמענישע, אוקראַינישע ס. ד. פּאַרטייען.
7. די אַנאַרכיסטן און ספּעציעל די יידישע גרופּן.
8. סאָציאַליסטישע גרופּירונגען צווישן פּאָליטישע עמיגראַנטן אין פאַרשידענע צייטן.
9. די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען אין גאַליציע און בוקאָווינע פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.
10. די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין רומעניע.
11. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין די אוניווערזיטעטן און מיטל־שולן פון רוסלאַנד.

# קאנסטיטוציאן

פון דער

## יונייטעד בראדערהוד

אף

## קלאוק־מייקערס יוניאן נומ. 1

אף ניו יארק אונד אומגעגענד.




**CONSTITUTION**

OF THE

**UNITED**

**Brotherhood of Cloakmakers' Union No. 1**

**OF NEW YORK AND VICINITY.**

דרוק פון י. ליפשיץ, 173 א. בראדוויי, נ. י.



קאָנסטיטוציע פון קלאָוק־מייקערס יוניאָן
אין ניו־יאָרק, יאָר 1898.



א. ליעסינס ערשטע זאַמלונג לידער,
העקטאָגראַפירט. אַרויסגעגעבן פון
בונדיסטן 1897 אין מינסק.

12. די רעוואָלוציע פון 1905 אין רוסלאַנד.
13. די זובאַטאָווישע באַוועגונג פון אַ. ג. „פּאָליצייאישן סאָציאַליזם" אין צאַרישן רוסלאַנד.
14. אַלגעמיינע ציוניסטן און טעריטאָריאַליסטן.
15. די רעליגיעזע אַרבעטער־באַוועגונגען ביי יידן.
16. די פּאָגראָמען און די זעלבסטשוץ.
17. דער אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד און דער קאַמף קעגן אים.
18. די יידישע בירגערלעכע פּאַרטייען אין רוסלאַנד, פּוילן און אַנדערע לענדער.
19. די אַלגעמיינע און די יידישע קאָמוניסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד און אַנדערע לענדער.
20. די רעוואָלוציע פון 1917 אין רוסלאַנד.
21. די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג, דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל.
22. דער בונד אין פּוילן, לעטלאַנד, רומעניע צווישןביידע וועלט־מלחמות.
23. יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס אין אַ ריי לענדער פון יידישער אימיגראַנדירונג.
24. די סאָציאַליסטישע און טרייד־יוניאָניסטישע באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע.
25. די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־באַוועגונג אין אומאָפּהענגיקן פּוילן.
26. די יידישע פּאַרטייען אין אומאָפּהענגיקן פּוילן.
27. די קולטור־באַוועגונגען ביי יידן און ספּעציעל די „ציש"אָ — די צענטראַלע שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן.

די דאָזיקע רשימה שעפּט ווייט נישט אויס די געביטן, וועגן וועלכע דער אַרכיוו האָט געדרוקטע אויסגאַבעס און אַנדערע מאַטעריאַלן צום פאָרשן און לערנען. די לעצטע 100 יאָר לעבן, וואָס זיינען געווען אַזוי רייך אין אַנטוויקלונגען, פּראָבלעמען, קאַמפן, באַוועגונגען, היסטאָרישע קאַטאַסטראָפעס און איבערקערענישן, זיינען רעקאָרדירט אין די אוצרות, וואָס געפינען זיך אין די אַרכיוו־צימערן אין אַטראַן־הויז פאַר יידישער קולטור אויף 78טער גאַס.

•

## אַ צענטער צום פאָרשן און שטודירן

טאָג־טעגלעך זיצן אין די אַרכיוו־צימערן פאָרשער פון דעם דאָזיקן לעבן. טייל פאָרשן און אַרבעטן וואָכן, חדשים און אפילו יאָרן. ס׳קומען שרייבער, וויסנשאַפטלער, סטודענטן און אַרבע־טער־טוער. זיי זוכן און געפינען דעם מאַטעריאַל, וואָס איז פאַר זיי נויטיק. אַ צאָל סטודענטן פון די אוניווערזיטעטן אין אַ ריי שטעט פון אַמעריקע, ווי אויך פון ענגלאַנד און אויסטראַליע האָבן אין בונד־אַרכיוו געאַרבעט אויף זייערע דאָקטאָר־דיסער־טאַציעס. אויך אַ גרעסערע צאָל פאָלקס־מענטשן קומען אין אַרכיוו נאָך אינפאָרמאַציע וועגן פאַרשידענע ענינים, בפרט וועגן זייערע שטעט און שטעטלעך אין דער אַלטער היים אין אייראָפּע אָדער וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע.

אַ ריי ווערק, וואָס זיינען די לעצטע יאָרן דערשינען, זיינען זיך סומך אויף אונזערע אַרכיוו־מאַטעריאַלן. עטלעכע ווערק וואָלטן בכלל נישט געקענט געשריבן ווערן אָן דעם רוי־שטאָף, וואָס איז אין אונזער רשות.

•

## אַ חוב און אַ זכות

די מאַטעריאַלן, וואָס ווערן איצט אַזוי הויך געשאַצט און גערן אויסגענוצט, זיינען דריי מאָל געראַטעוועט געוואָרן: פון די פאַרניכטנדיקע הענט פון די צאַרישע אָכראַניקעס, פון היט־לערס שטורם־אָפּטיילונגען אין בערלין און פון זיינע פאַרניכ־טונג־אַקציעס בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. די געפאַרן זיינען אָבער נאָך נישט אַריבער — אפילו דאָ אין פרייען אַמע־ריקע.

די געפאַרן, אמת, זיינען פון אַן אַנדערן כאַראַקטער, אָבער זיי זיינען אויך ערנסטע. ס׳לויערן די סכנות פון צייט. דאָס פּאַפּיר ווערט עלטער און עלטער. ס׳זיינען נויטיק רעטונג־אַר־בעטן. מ׳דאַרף קאָנסערווירן, פאָטאָגראַפירן און פילמירן אַ טייל פון די זאַמלונגען. די אויסברייטערונג און פאַרשטאַרקטע טע־טיקייט פאָדערט אויך מער פּלאַץ און נייע איינריכטונגען.

דאָס אַלץ איז פאַרבונדן מיט פאַרגרעסערטע הוצאות צו דעקן די קאָסטן פאַר דירה, פערסאָנאַל און אויף קאָנסערווירן וויכטיקע מאַטעריאַלן — מאַכן פאָטאָסטאַטן און פילמען פון

דאָקומענטן און געדרוקטע אויסגאַבעס, וואָס ווערן מיט דער צייט פאַרדאָרבן.

די הכנסה קומט פון אָפּצאָל פון יחידים־מיטגלידער און יערלעכע ביישטייערונגען פון יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און טרייד־יוניאָנס, ווי אויך פון פאַרשידענע איינמאָליקע איינצאָלונגען. דער אַרכיוו פאַרגרעסערט זיך אומאויפהערלעך און ער ווערט אַלץ מער און מער געניצט (פאַר נוצן אים נעמט מען נישט קיין שום אָפּצאָל). דאָס איינציקע, וואָס שטערט אים אין זיין ווייטערדיקער אויסברייטערונג, איז דאָס פעלן פון געהעריקע פינאַנציעלע מיטלען.

פאַר יעדן, וואָס טראַכט נישט — אַרום מיר אַ מדבר און נאָך מיר אַ מבול, איז אַ חוב מיטצובאַטייליקן זיך אין אויפהאַלטן דעם אַרכיוו פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. נישט בלויז אַ חוב, נאָר אויך אַ זכות, אַ פּריווילעגיע.

•

## דער קאָמיטעט פון אַרכיוו:

### עקזעקוטיוו־מיטגלידער:

יעפים ה. ישורין, פּאַרזיצער
ל. נעלסאָן, וויצע־פּאַרזיצער
ע. נאָוואָגרודסקי, סעקרעטאַר
ב. טאַבאַטשינסקי, קאַסירער
י. לעווין־שאַצקעס, עקזעקוטיוו־מיטגליד
דוד מייער, עקזעקוטיוו־דירעקטאָר

•

### עקספּערטן־קאָמיסיע:

ג. אַראָנסאָן
י. ש. הערץ
א. מענעס
אַלעקסאַנדער ערליך
יעקב פּאַט
ח. ש. קאַזדאַן
פּ. שוואַרץ
דר. ע. שערער

•

### קאָמיטעט־מיטגלידער:

מ. אַלעקסאַנדראָוויטש
ל. אָלער
י. גוטגאָלד
מאָרי גראָס
הערשל הימעלפאַרב
אַדאָלף העלד
א. סטאָלאַר
ר. צוקערמאַן
ע. ראַבקין
ב. שעפנער